פרייז 20 סענט.

י. ראָלניק:

# אויף'ן זאַמדיגען וועג

## (געקליבענע ליעדער).


פערלאג: גרייזעל און קאמפאני

65-67 סאפאלק סט. :: :: ניו יארק.




י. ראלניק:

# אויפ'ן זאַמדיגען וועג



געווידמעט מיין טהייערער שוועסטערקע פייגעלען...

# ערשטע אבטהיילונג

.1

## אין גלות

אָ, גאָט פון די ליעדער, ניט יאָג מיך פון דיר,
איך דאַרף ניט קיין אַנדערען האַרר אויסער דיר,
איך ליעב אויך די פּרוי וואָס דו האָסט מיר געשיקט
די פיצלאך, מיט וועלכע זי האָט מיך בעגליקט,
און פיהר מיך צום שופט, און פיהר אויפ'ן שטעל,
און קלאַמער מיין אויער צום שופט'ס טיהר שוועל;
דאַן נעהמסטו דעם אָהל און דו טהוסט מיר מיין רעכט,
און זאַלבסט מיך אויף אייביג צו דיר פאר אַ קנעכט.

.2

ניט פון טייכען בלוט און פייער,
ניט פון קאמפף און שטורמווינד,
זינג אַ ליעד מיר שטיל און האַרציג,
ווי אַ מוטער זינגט איהר קינד.

ס'קען פאַר שרעק דאָס קינד ניט שלאָפען,
ס'וויל דאָס הערציל איהר פערגעהן,
און עס פלאַטערט, און עס בעט זיך
מיט אַן אומעטיג געוויין.

אויפ'ן בוידים סטוקעט עמיץ,
אויגען סטראַשען פון דער נאַכט,
שאַטענס טאַנצען אויף די ווענד אום,
און אַ מת אין ווייסען לאַכט.

זינג אַ ליעד מיר, ווי אַ מאַמע,
איך בין נאָך אַ קינד אַליין,
און איך בלאָנדזשע אין דער פינסטער,
ס'ברעכט דאָס האַרץ פאַר שרעק און פיין.

.3

ניט דערפאַר קען איך ניט שלאָפען
וואָס צו ניעדריג איז צו קאָפען,
וואָס די קאָלדרע איז צוריסען,
ז'דורך די ברייטע שויבען־שפאַלטען
קומען ווינטען פריי און אָפען.

ניט דערפאר, וואָס איך בין הונגריג,
אַלטע, צוגעוואַהנטע זאַכען;
נור דערפאר וואָס טיעף אין האַרצען
האָט שטיל אויפגעפלאַמט אַ ליכטעל,
און דאָס האַרץ וויל איצטער וואַכען.

6.

אויבען שטעה איך. פיעלע קלאפטער
אונטען ליעגט די גראהע גאס,
און איך קוק אויף ווייטע שטרעקען,
לאנג איז זי די גראהע גאס.

און ווי פליעגען, שווארצע פליעגען
פויזען מענשען, קריכען קוים,
אויבען שטעה איך. פיעלע קלאפטער
אונטען ליעגט די גראהע גאס.

ווייט אנטקעגען שטעהט א פאלאץ,
ווייסער מארמאר טהורעמס פיער,
ס'גלאנצט די זון אין זיינע פענסטער,
און א זון איז יעדע שויב.

באהנען — ריטער לויפען, קומען,
שטעלען זיך צו מיינע פיס,
גריסען דיענעריש און העפליך
און פערשיידען לאגזאם זיך.

מיט א זילבער שפארען קלינגען,
ווי עס פאסט פאר ריטטער זיך.
ס'דאכט זיך מיר: איך בין א קעניג,
און די האלבע וועלט איז מיינס...

.7

זעה, דער בעטלער, בלייך און באָרוועס
איבער פרעמדע הייזער געהט ;
הויבט זיין בליק צו יעדען פענסטער,
בויגט זיין קאָפּ פאַר יעדען טויער,
בעטעלט שטום א שטיקעל ברויט.

און עס עפענען זיך רוישלאָז
טיהר און פענסטער, דאָ און דאָרט;
ווער עס גיט איהם אַן אָקראַיעץ,
ווער אַן אָבגעשייערט פּרוטה,
ווער עס שיינקט א גוטען וואָרט.

פאַר דעם מזל׳ס ברייטען טויער
שטעה איך מיעד און אָבגעשוואַכט.
און דער מזל, ווי א קמצן,
זיצט און צעהלט די גאָלד׳נע רענדלעך,
קוקט פון פענסטער נאָך און לאַכט.

.8

און וואו נאָר איך געה איז אַ שמחה אַ פרייד,
און וואו נאָר איך טרעט — אַ חתונה־קלייד,
און וואו נאָר אַן אויג איך בעגעגען עס שטראַהלט,
מיין אייגענער בליק נור איז טרוי׳ריג און קאַלט.

וואָס געהען מיר חתונות פרעמדע דען אָן,
וואָס האָב איך מיט לייטישע שמחות צו טהאָן,
איך בין ניט געלאַדען — מיך דאַרף מען דאָרט ניט,
נון שלעפּ איך זיך ווייטער מיט וואַקלענדע טריט.

.9

געלעבט האָט אַן איינזאַמער, איינזאַמער בחור,
מיט ליפּען פערדורשטעט, פערהונגערטע אויגען,
און טיעפע, פער'הלום'טע קנייטשען ראַזאָרעס
אַריבער זיין שטערען זיך האָבען געצויגען.

געלעבט האָט אַן איינזאַמער, איינזאַמער בחור,
מיט זיינע בעהאַלטענע ליידען און פריידען,
זיין האַרץ האָט ניט זעלטען געוויינט און געזונגען,
פאַר לייטען, פאַר לייטען — דאָך שטיל און בעשיידען.

געלעבט האָט אַן איינזאַמער, איינזאַמער בחור,
זיין האַרץ האָט געזונגען — די ליפּען געשוויגען,
און קיינער פון אַלע אַרומיגע מענשען,
אוי, קיינער געהערט האָט דעם ניגון.

.10

ביי מיין זייט שפּאַנט בלינד די מורא.
שעפּצעט: כ׳זאָל ניט ריידען הויך;
אָט דעריבער, ברידער, בין איך
אַזוי שטיל און אַזוי בלייך.

אויף מיין פּלייצע זיצט דער יאוש,
טראָפּענ־ווייז מיין בלוט ער זויגט;
דריבער מיינע פיס זיך וואַקלען
און מיין קאָפּ צו דר׳ערד זיך בויגט.

און פאַראויס פארלויפט דער אומגליק.
שטעלט אוים צאַמען אויף מיין וועג;
און דעריבער, ברידער, טרעף איך
אין מיין לעבען ניט דעם וועג.

11.

ווען דער ליעבער גאָט
וויל בעשטראָפען דיך,
זאָגט ער: מענש, שטעה אויף,
קלייד זיך אָן אויף גיך.

נעהם דעם וואַנדער שטאָק
אין דיין רעכטער האַנד,
און פערבייט די היים
אויף אַ וויימער לאַנד.

אָן אַ פרעמדען שוועל
בלוטיגען די פים,
ברעקלעך אויפקלייבען
פון אַ פרעמדען טיש.

אין דעם פרעמדען כום
איז דער וויין פערגאָלט,
פון דעם פרעמדען'ם וויץ
ווערט אי היים אי קאַלט.

ביי דעם פרעמדען טיש
ווערגט דער ביסען ברויט,
איידער מענשען'ם גאָב
ליעבערשט איז דער טויט.

.12

איך װעל מעהר ניט געהן
צו קײן פרעמדע לײט,
װעל ניט אויסקלאַגען
זײ מײן ביטער האַרץ.

בײ דער פרעמדער טיהר
ליעגט אַ שלעכטער הונד,
זײנע שאַרפע צײן
מאַכען מיר אַ װאונד.

און דער פרעמדער שטוהל
געהט אויף רעדלאַך אום,
װײל איך זעצען זיך
דרעהט ער זיך אַװעק.

איך װעל זײן אלײן
מיט מײן אַנגסט און פּײן,
אין מײן חדר'ל
ביז'ן העלען שײן.

מענשען לאַכען אוים די אויגען:
„אין אַזעלכע קאַלטע צייטען
זאָל אַ האַרץ נאָך וואַרים שלאָגען“ —
כ׳געה צום טייך מיין האַרץ אָבקיהלען.

כ׳וועל אין אייז אַ לאָך אויסהאַקען,
אַזוי גרוים פונקט ווי דאָס האַרץ מיינס,
און אין יענעם שוואַרצען אָבגרונד,
וועל איך דריי מאָהל ס׳האַרץ אָב־טובל׳ן.

איין מאָהל ס׳זאָל פערגעסען ליעבען,
איין מאָהל ס׳זאָל פערגעסען האַסען,
און דעם דריטען מאָהל— דעם לעצטען –
וועל איך לאַנג איהר דאָרטען האַלטען.

אין דעם שוואַרצען, טוידטען וואַסער,
ביז אַ נייע, דינע הייטעל,
ווי אַ שפּיעגעל האַרט און גלאַנציג,
וועט די פרישע וואונד פערציהען.

ביז דאָס האַרץ וועט זיך איינשרומפּפען
ווערען קאַלט און קליין און גליטשיג —
דעמאָלט וועל איך איהר בעקומען
פון׳ם אָבגרונד — אויף אַ פאָדים

וועל איך איהר ביים לאָץ אָנבינדען,
און וועל לויפען צו די מענשען,
און וועל צורופען מיט שטאָלץ זיי :
„זעהט איך בין שוין ווי איהר אַללע“ !

.14

קנייפּ די באַק, און שטעל די פאַרב,
קיינער זאָל ניט וויסען,
ווי עס ווערט דיין אָרים האַרץ
שטיקלאַך ווייז צוריסען.

קנייפּ די באַק, און שטעל די פאַרב,
זאָל עס שפּריהען, גליהען,
מיינען זאָל מען — אין דיין ברוסט
רויטע רויזען בליהען.

ביזטו עלענד אָדער קראַנק
מערקען זאָל ניט קיינער,
— דען פאַר בלייכע אַ געשאַנק
האָט די וועלט נור שטיינער.

.15

וואָס האָסטו צו געבען די מענשען ?
וואָס האָסטו געבראַכט אויף דער וועלט ?
דו ביזט ווי אַ נאַר אָנגעקומען
אויפ׳ן מאַרק גאַר אָהן סחורה, אָהן געלד.

און קוקסט ווי עס האַווען די לייט דאָ,
מען קויפט און פערקויפט נאָכאַנאַנד,
דו איינער נור שטעהסט אין אַ ווינקעל
און בעטלענדיג שטרעקסט אוים די האַנד.

נור ס׳קוקט זיך ניט אום אויף דיר קיינער,
פארנומען איז יעדער מיט זיך.
קורץ פרייטאג איז היינט, און מען איילט זיך,
דער שבת רוקט אָן זיך אויף גיך.

און ווער עס וועט איצט ניט אָנגרייטען,
דער הונגערן וועט פיעל און שטאַרק,
נור — ט׳קלאַפט שוין דער שמש צו מנחה,
און יאָגט רייך און אָרים פון מאַרק.

.16

מיינע גליקען, מיינע גליקען
קען איך אַלע אַוועקגעבען,
מאַנצלען ליעבע, בעטלען פריינדשאפט,
עלענד זיין אַ גאַנצען לעבען.

קלאַפּען אין פערמאַכטע טירען,
רופען צו פערשטאָפּטע אוירען,
איינזאַם קוועלען זיך און שמאַכטען
נאָך אַ פריינד וואָס ניט געבוירען,

נאָך אַ גליק וואָס ניט באַשערט איז,
נאָך אַ טרוים וואָס איז פארפלויגען;
האָבען לופט־שלעסער אין זינען
און אַ מיסט־גרוב פאַר די אויגען.

## 17.

עלענד איז מיין קיילײנער צימער,
ס'שײנט אויף איהם די זון קיין מאָל;
הויכע װענד אַרום איהם שטעהען
און ער פינסטערט אין אַ טהאָל.

לוסטיג־העלע מאָרגען שטראַהלען
װעקען מיך פון בעט ניט אויף.
דאָרט איז דאַן אויך בין השמשות
װען די זון שטײגט הויך אַרויף.

שװאַרץ די װענד, און שװאַרץ די סטעליע,
אײנגעהויקערט איז די טיהר,
און עס פעהלט דער פענסטער שױבען,
און עס בלאָזט אַ װינד דורך איהר.

און װען װאָלקענדיג דער טאָג איז,
און אַ רעגען קאַפּעט פויל,
װערט דאָרט פינסטער װי ן'אַ קבר,
און מײן לײב נעהמט דורך אַ גרויל.

איך צינד אָן דאָס חלב ליכטיל,
אומעטיג איהר פײער ברענט;
מתים־ליכט, — און װי די מתים
בלײבען שאָטענס אויף די װענד.

* * *

אָרים איז מיין קליינער צימער,
אָרים זעהר מעבעלירט,
גאָר און גאָר אַן אַלטע בעטיל —
און אויך דאָס בעלאַנגט צום ווירטה.

און ביים חמורנעם פענסטער שטעהען
זיים ביי זייט מאַשינען צוויי,
אויך אויף אויסצאָהלען גענומען, —
העמדלעך נעהען מיר אויף זיי.

מיר — אַ יונגער מאַן אַ צווייטער
אויף דער זעלביגער קוואַרטיר,
וואַרפט ווי איך צוגלייך די העמדלעך,
שלאָפט אין זעלבען בעט מיט מיר.

אָרים איז דאָס לעבען אונזרער,
שמעקט מיט אָרימקייט דורכאויס;
מיט אַ הערינג, מיט אַ קעזיל
קומען מיר אַ מיטאג אויס.

נור אַ האַרציגער, אַ גוטער
איז דער צווייטער יונגער מאַן;
און מיר טיילען זיך מיט אַלעם
ווי געטרייען ווייב און מאַן.

גאַנצע קליידער — בלויז איין אַנצוג —
האָבעןביידע, ער און איך,
זיינע הויזען, מיינס — אַ רעקעל,
און אויף שותפות גאַנצע שיך.

און ווען איינער געהט פערברייננגען, —
אין דערהיים דער צווייטער בלייבט ;
פוסט . . . דער דלות זיינע גיטער
אין דעם אינווענטאַר פערשרייבט.

* *
*

איינזאַם איז מיין קליינער צימער,
איינזאַם פיהל איך זיך אין איהם ;
קיינער קומט מיט אונז ניט פּלאַפּלען,
דאָרטען קלינגט קיין פרויען שטים.

אויסער פרייטאג, — זינגער'ס אַגענט
מיט אַ ביכעל אין דער האַנד
קומט, פערשרייבט און געהט אַוועק באַלד,
ווידער בלייבען מיר ביינאַנד.

און דער צווייטער, ווי ס'ווערט אבענד,
דרעהט זיך אויס די וואָנצעס גוט,
טשעפּעט אָן אַ ווייסען קראַגען
און אַן אַלטען שטרויען הוט.

אין אַ הויז געהט ער פערברייגגען,
מיידלאך זיינען דאָרט פאַראַן,
און מען טאַנצט דאָרט אַלע שבת,
און מען שפּיעלט דאָרט פאָרטעפּיאַן.

און אין קליינעם טונקעל'ן צימער
בלייב איך זיצען גאָר אַליין.
שטיל.... עס הערט זיך ווי אַ מייזעל
זעגט אַ ברעטיל מיט די ציין....

18.

מיין שטעקען האָב איך אויסגעהאַקט שוין,
מיין טאָרבע איז אויך צוגעריכט,
איך לאָז זיך אויף גאַסען און וועגען,
דער נעבעל ליעגט ברייט און געדיכט.

מיין לייב וועלען דערנער צושטעכען
און שפּיציגע שטיינער — מיין טראָט,
און אומפאַלען וועל איך ניט איינמאָל
צו לייטיש געלעכטער און שפּאָט.

שענקט מענשען זלזולים — נדבות,
שענקט געטער מיר צער און לייד —
מיין שטעקען איז אייכען האָלץ עכטער
מיין בעטעל זאַק טיעף איז און ברייט.

.19

## א רעגען גיעסט

מאַך אויף אַ בוך
מיט אַלטע בלעטער, יונגע זאגען ;
פון לויטער קעניגליכע פרינצען,
פון וויעדמעס וואָס אויף קוליעס טאַנצען.
פון פרומע וועלף, בריליאַנטנע היילען.
וואָס ציהען זיך אויף זיעבען מיילען,
אומזיסט, אומזיסט,
אַ רעגען גיעסט

קלינג אָן און רוף,
און קומען וועלען גוטע ברידער
מיט שמייכלען אויף די רויטע ליפען,
און ברייגגען רויטען וויין צוטראָגען,
און וועלען מיט די בעכער קלינגען,
און הילכיג, לוסטיג־ליעדער זינגען,
אומזיסט, אומזיסט
אַ רעגען גיעסט.

שטעל אויף די בעט,
און שלאָג אויף הויך די ווייכע קישענס.
ן׳מאַך לויז דעם טונקלען פענסטער פאָרהאַנג,
און מיט בעטריבטער זעעל און גליעדער
וואַרף זיך אַריין אין פוכען אבגרונד,
און לאָז די טרעהרען רינען, ריגען....
אַ רעגען גיעסט....

.20

כ׳האָב געוואַנדערט איבער כוואַליעס,
און געלאַגערט אויפ׳ן תהום;
דאָך, גאָט דאַנק, איך בין דערשוואומען,
און אַ פעלז איז איצט מיין היים.

רופט מיך ווער פערפיהרען ווינדען,
יענע שטימע ערגעץ וואו;
שטרעקט אַ האַנד מיר אויס אַ חבר,
גנב׳עט עס דער חשך צו.

.21

און האָסטו, אַ, גאָט, מיר מיין הימעל
מיט וואָלקענס פערצויגען דורכאויס
און טריעב איז מיין טאָג און פעראומערט,
ס׳שיינט קיינמאָל די זון ניט אַרויס.

טאָ שענק חאָטש אַ נאַכט מיר אַ טרייע,
מיט זיסע חלומות גאָר פיעל,
און אָבקומען זאָל איך מיין וועלטיל,
אין חלום׳ען, חלום׳ען שטיל.

.22

עס טרעפט אמאָל אין מיטען נאַכט:
עס שפּאַלט אַ פונק דעם חשך שטום,
דער הימעל, דאַכט זיך אויס, ער לאַכט,
אַ שטערען ציהט אַ גאָלדנעם שנור,
דאָך באַלד בלייבט ניט פון דעם קיין שפּור
און פינסטערניס בלויז רוהט אַרום.

איך אויף מיין לעבענס שוואַרצען פאָהן
האָט וועֶן ניט וועֶן אַ שטראַהל געטאָהן,
האָט וועֶן ניט וועֶן אַן אויג געגלאַנצט,
אַ קלאָהר געלעכטעריל געטאַנצט,
און איינמאָל אין אַ ווייכער בעט,
אַ ווייכע האַנד מיין האָאַר געגלעט — — —
איך אויף מיין לעבענס שוואַרצען פאָהן
האָט וועֶן ניט וועֶן אַ שטראַהל געטאָהן.

.23

גאָלדנע שטערען, בלאַנקע שטערען,
מענשענ׳ס טרייסט, דעם הימעל׳ס טרוים,
שיינען אין דער נאַכט — און שווינדען,
ווי דער מאָרגען ווייזט זיך קוים.

אויף דעם האַרצענ׳ס שווארצען הימעל
שימערירען האָפנונג, גליק;
דאָך זיי לעשען זיך ווי שטערען
פון דעם לעבענס קלאָהרען בליק.

.24

איך בין ניט מקנא די וואָלקענס,
אַ שפּיעלצייג צו זיין ביי דעם ווינד,
און ווייזט זיך די זון אויפ׳ן הימעל,
דאַן ווייכען דעם פּלאַץ איהר געשווינד.

איך בין ניט מקנא די וואָלקענס
דאָס אייביגען וואַנדער׳ן הין־הער.
און ווען עס קלייבט אָן זיך דער צער,
עס אָב׳פּטר׳ן קוים מיט אַ טרעהר.

.25

## צום טיש, צום טיש,

צום טיש, צום טיש,
ווער שפּיעלט מיט מיר ?
איך שטעל אין קאָן :
אַ לאַפּקע פון אַ שוואַרצען האָהן,
אַ שטיקעל פאַרב־פּאַפּיער,
אַ חלום ניט פערענדיגט האַלב,
אַ ניט־דערקווילעט קאַלב,
אַ טיטעל וואָס איז האַלב פערמעקט,
אַן עהרע אָבגעניצט, פערפלעקט,
אַ שערבעל פון אַ סדר כוס,
אַ דאַרע בלאַט, אַ חורבה גראָז.

* * *

ווער געהט צום טיש ?
ווער שפּיעלט מיט מיר ?
איין איינציג קאָרט, אַ מלכה יונג,
אַן איינציג שפּיעל, אַ זילבער קלונג,
איהר געהט ניט, ששאַ... איך שפּיעל מיט — מיר —
און נעהם זיך אַלע מלכות פיער.

.26

דער ערד'ס בלויזען קערפער מיט ציטריגע פיס־טריט
האָב באַרפיסערהייט איך בעריהרט,
און ס'איז מיר געווען ווי כ'וואָלט מיט זיי צערטליך
אויף מיידעלשע אַקסלען געפיהרט.

דערפיהלט האָט די ערד מיינע וואַרימע לאַסקעס,
און דאַנקבאַר געוועזען צו מיר,
זי האָט זיך דעם בוזים בעפוצט און בעשאָטען
מיט שפּיציגע שטיינדלאך פאר מיר.

.27

איך ווייס — עס וועלען מיינע טרוימען
צורינען ווי אַ לייכטער דופט,
דאָך ווילט זיך האָפען מיר און גלויבען,
דאָך בוי איך שלעסער אין דער לופט.

אַ בלום בויגט אימער זיך דער זון צו,
אַ האַרץ טרוימט אימער אַ פערלאַנג,
עס וועלקען די און שפּראָצען נייע,
דאָס טרוימען זעלבסט בליהט אייביג לאַנג.

.28

שנעע באדעקט מיין שטערענס ווינקלען
פראָסט די באַקען מיינע ווייסט,
דאָך אין הארצען — בליהען טרוימען, —
שעהנע מיידלאך קומט און רייסט.

ווינטער בלומען, אונצייט בלומען,
אוי ווי טייער קאָסטען זיי,
וואָרים זיי מיט בלוט פון הארצען,
זעטיג מיט נשמה וועה.

.29

מיינע גליקען רייכע שטונדען,
מיינע זונען קלאָהרע טעג
בלאָנדזשען ווי יתומים־קינדער
אויף אַן אונבעקאַנטען וועג.

און זיי זוכען מיך און רופען,
און געפינען מיך ניט אויס ;
פאלען זיי אין פרעמדע ארעמס,
טוליען זיך אין פרעמדען שויס.

# צווייטע אבטהיילונג

.1

## מיידלאך

כ׳בין אַ זינג פויגעל, קיין אָדלער,
האָב קיין ברייטע, שטאַרקע פליעגעל,
חבר זיך ניט מיט די וואָלקענס,
פאַר זיך זינג איך מיר אַ ליעדעל.

פון אַ לאַנד אַן אונבעקאַנטער
ציהט אַ וואָלקען מיט אַ גבורה,
בליצען האַלט ער אין זיין בוזים,
ווי אַ פינסטערע בייזע בשורה.

ס׳קנאַלט דער דונער, בליצען צוקען,
ס׳שאַלט דער שטורעם ווינד: „נצחון!“
טויזענד שטאָלצע אָדלער פליעגעל
וואַלגערן זיך אין זאַמד צובראָכען.

אין אַ גראָהען אייכען פוטער,
טיעף געשיצט פון שטורמס ברומען,
לאַך איך פון דעם הימעל׳ס וואונדער
און בעזינג דער לאָנקעס בלומען.

.2

קענט איהר די פרינצעסין יוזשע ?
אין אַ קעלער שטיבעל וואָהנט זי,
מיט אִיהר מאַמעשי, דער אַלטער,
אויף דער מוראַנאָווער גאַס.

קענט איהר די פרינצעסין יוזשע ?
מיט די בלאָנדע צעפּ, די לאַנגע,
מיט די וואונדער־בלאָהע אויגען,
אויגען בלאָהע, הימעל אויגען ?

„יוזשע“ איז איהר גויש נאמען,
דען אין אידיש הייסט זי „יענטיל“,
און פרינצעסין רופט זי יעדער
ווער געזעהן האָט איהר חאָטש איינמאָל

איך האָב מעהר ווי איינס געזעהן איהר
דורך די קליינע קעלער שויבלאך,
אין די אָסיען נעכט, די פיעלע,
און איך רוף זי „מלכה־יוזשע“.

יע, אין אמת ז'איז אַ מלכה,
פיעלע האָט זי איבערוועלטיגט,
קניען זינקען, הערצער שטרויכלען
און געמיטהער שטאָלצע ברעכען.

ווען זי ווייזט זיך אויף דער גאַס נור
אין איהר קרוין — די גאָלדנע לאָקען,
פיעלע פרייע שטאָלצע ריטער
האָבען טרייהייט איהר געשוואָרען.

קענט איהר די פרינצעסין יוזשע ?
לעגט צו איהרע פיס מיין שטייער :
רוהם און ליעבע. זאָגט דער מלכה :
אין אַ פרעמדער לאַנד און אונטער

פרעמדע הערשער און מנהגים,
האָב מיין שוואור איך ניט געבראָכען,
בין איהר אונטערטהאַן פערבליבען
און איהר טרייער קנעכט אויף אייביג.

זאָל זיין חסד גאָט ניט אָבטאָהן
פון איהר קאָפּ, דעם גאָלד געלאָקטען,
לאַנג רעגירען איבער הערצער
זאָל נאָך די פרינצעסין „יוזשע“.

.3

מיין האַרץ איז אַ טייכעל געוועזען
פערצויגען אין ווינטער מיט אייז ;
האָסטו מיט דיין בליק עס צושמאָלצען,
און ס׳פּלעטשערט דאָס שטראָם איבער אַ נייס.

מיין האַרץ איז אַ גאָרטען געוועזען,
פערדאַרט דורך אַ בייזען געמיטה,
דיין וואָרט האָט דעם כשוף פערטריבען,
און ס׳גרינט דאָרטען ווידער און בליהט.

מיין האַרץ איז אַ פיעדעל געוועזען,
דער בויגען צו איהר האָט געפעהלט,
דו האָסט עס בעריהרט — און פון דעמאָלט
אין האַרץ ביי מיר זינגט זיך און טרעלט.

.4

איך קלייב צו מיין קליינעם צימער
פאר מיין מיידעל — זי וועט קומען
אין אַ ווייסע זומער קליידעל,
און די האָאַר אין רויזען בלומען.

זי וועט קומען מיך בעגליקען,
צערטלען, קושען און אומאַרמען,
דריקען פעסט צום הייסען בוזים —
ווי אַ מלאך, שטיל אָהן ליאַרמען

וועט די ארעמס זי אויסשפרייטען,
וועט מיר שענקען איהרע בלומען....
פריילאך איז מיין קליינער צימער
זי וועט קומען, זי וועט קומען.

.5

זי איז אַוועק, און האָט מיין האַרץ
מיט זיך אַוועקגענומען
אין שטילען דאָרף, אין קליינעם הויז.
וואו געלער זאַמד באדעקט די ערד,
די וועגד בעציערען בלומען.

און ווען עס וועט דער קאַלטער פראָסט
מיט זיינע הענד אומאַרמען
איהר קליינע היים, — וועט זי מיין האַרץ
צו איהרער דריקען ליעב און טריי
און טרייסטען זיך און וואַרמען.

— — — — — — — — — — — —

זי איז אַוועק, און האָט מיין האַרץ,
מיין וואַרים האַרץ פערטראָגען,
און ווידער בין איך הויל און וויסט
ווי נאָכ'ן זומער שטעהט דער בוים,
ווי פון אַ טרוים בעטראָגען.

אָט רוקט זיך אָן דער אָסיען גרוי,
די בלעטער פאַלען אַב און שטאַרבען
און ווי אַ בוימעל אויסגעשטעלט
אַליין אין פעלד, אַזוי וועל איך
פערטריקנען און פערדאַרבען.

.6

## אויף'ן קראנקען בעט

כ'ליעג אין בעט אַ צוגעשמידטער,
קאַמער־ווענטלעך איז מיין וועלט,
און דער זייגער איז צובראָכען,
און די צייט איז אָבגעשטעלט.

ס'קלאַפּט דער שמש ניט צום דאַווגען
און קיין העהנער קרעהען נישט,
וואַך און שלאָפען, טרוים און וואַרהייט —
אַלץ האָט זיך צונויפגעמישט.

נאָר אַ לעהרערקע, אַ מיידעל,
וואָהנט אַנטקעגען איבער מיר,
קוק איך שטענדיג צו איהר פענסטער, —
פאַר אַ זייגער דיענט עס מיר.

פריה צו מאָרגענס איז דער פענסטער
מיט אַ ווייסען בעלם פערמאַכט,
דעמאָלט ווייס איך שלאָפט דאָס מיידעל
און דער זייגער איז „פאַר אַכט".

נאָר — אָט הויבט זיך די פאָרהאַנקע,
ווי פון זיך זעלבסט, שטיל און זאַכט,

ווי צוויי לאַנגע ברעמען־פּרענזען,
ווען דאָס אבגרונד אויג ערוואַכט.

און אַ שוואַרצע פרויען קעפּיל
שווימט אַרוים אין העלען שיין;
אויפגעשטאַנען איז מיין שכנה,
און דער זייגער איז שוין „ניין".

* *
*

ווידער מאַכט זיך צו דער פענסטער,
ס'פאַלט דער פאָרהאַנג מיעד און בלאַס, —
„צוועלף דער זייגער", און דאָס מיידעל
געהט אַוועק ביז נאַכט אין גאַס.

קלעמענד קוק איך אויפ'ן פענסטער,
אין מיין אויג אַ טרעהר זיך שטעלט,
עלענד איז מיין קליינע קאַמער,
עלענד, וויסט מיין גאַנצע וועלט.

מיטאָג שטונדע, נאַכט און דרימעל, —
אַלץ האָט זיך צונויפגעמישט,
און דער זייגער איז צובראָכען,
און די צייט — זי ריהרט זיך נישט.

* * *

פינסטער נאַכט — איך קוק צום פענסטער,
ס'האָט אַ שטראַהל דאָרט אויפגעבליצט,
ז'האָט די „שטונדען" אָבגעגעבען, —
„צעהן" דער זייגער איז עס איצט.

דורך דעם דינעם פאָרהאַנג זעה איך
ווי ס׳בעוועגט זיך אום איהר האַנד,
און ביי מיר אין פינסטער׳ן חדר
טאַנצט אַ שאָטען אויף דער וואנד.

ס׳טאַנצט דאס טונקעל שאטען הענטיל,
אַלערליי „פיגורען“ מאַכט,
ס׳דאַכט זיך : נויגט זיך מיר און ווינקט צו:
זיסען שלאָף, אַ גוטע נאַכט.

דאָך, דער שלאָף, ער וויל ניט קומען ;
שכנה, שכנה, הערסטו ניט
ווי איך וואַרף זיך אויף מיין בעטיל,
ווי עס רעגט זיך מיין געמיטה ?

.7

חלום, גיעבסט אמאל א שיין,
האפנונג, גיעבסט אמאל א בליץ,
און איך אלטער, אלטער נאר,
איך פערשטעה קיין וויץ.

גלויב איך אלץ וואס חלום׳ט זיך,
ז׳געה דעם טאג ארום
ווי א חלום אויף דער גאס
וואקעלדיג און שטום.

.8

זי האט געפיהרט מיך ביי דער האנד,
ביים ארבעל אפט געשלעפט ;
געשפרונגען האט מיין הארץ פאר פרייד.
איא ! וואס מען דערלעבט....

זי האט געפלוידערט מיט מיר לאנג.
מיט ליעבליכקייט ערשטוינט,
און האט צום סוף פערגעסען זיך
מיר זאגען וואו זי וואהנט....

.9

דו וואוינסט אויפ'ן ערשטען שטאָק,
איך וואוין אויפ'ן דריטען,
און דער צווייטער גאָרען ליעגט
צווישען אונז אין מיטען.

דריי יאָהר אַז מיר ליעבען זיך,
עמיץ שטערט אונז אימער;
זענען עס קיין פרעמדע לייט,
איז אַ פרעמדער צימער.

.10

האַסען האָב איך זיך געשוואָרען
דיך און גאָר דיין הויז געזינד,
האָב איך דיר גאָר ליעב בעקומען, —
אַזאַ פאַלשקייט, אַזאַ זינד.

שולדיג זענען יוגענד יאָהרען
און דעם הימעל'ס גאָלדנע שטערען
אין אַזעלכע נעכט און עלטער
קען מען לייכט פערדרעטעהריש ווערען.

.11

נעכטען פינסטער אָוועגד בין איך לאַנג געשטאַנען
און געוואַרט אויף דיר,
פראָסט די גליעדער אַלע — וואַרים איז געוועזען
נור דאָס האַרץ אין מיר.

ס'איז אַרוים דיין באבע, ס'איז אַרוים אַ שכנה,
אויף די גאַס געוועז,
דו נור מיין געזוכטע, דו נור מיין געליעבטע,
האָסט מיך ניט געזעהן.

.12

געליהען האָט דער שניי ביים הימעל בלאָהען חלום.
און שטילע ווייסקייט האָט די הויך ביים שניי גענומען,
און שטערען האָבען זיך געטוקט אי דאָ אי דאָרטען,
און ס'איז אַ ווינטער־נאַכט אַרויסגעקומען.

און ביז די קניע אין שניי, דעם גרויסען ים פון שימער,
געשטאַנען זענען צוויי, מיר צוויי בלויז געגענאיבער,
און דורך אַ ווייטער שויב אַ פלעמיל האָט געפלאַטערט,
און אומגעוואָרפען זיך אין גסיסה פיעבער.

געהאַט פיעל האָבען מיר זיך איינס דעם צווייט צו זאָגען,
דאָך איז קיין איינציג וואָרט פון מויל אַרויסגעקומען,
און ווי דער ווייסער רוים, דער בלאָהער שניי, מיר האָבען
גע'חלום'ט אויך אַ בלאָהען טרוים אַ שטומען.

.13

ציעה אָן אַ ווייסע העמד
און וואַש די פים דיר ריין,
און נעהם אַ רויטע בלום
און נעהם און קום צוגעהן.

און שטיל קום צו מיין טיהר,
און שטיל גיעב איהר אַ שטויס,
און שטרעק די הענד בלינד אויס,
און וואַרף זיך אין מיין שויס.

און בלינדערהייט און שטום
ענטבלויז דיין סאַמעט לייב,
ניט רייד, ניט וויין, ניט לאַך,
ניט לאַך מיין חלום־ווייב.

.14

קלעפּט דער שלאָף די אויגען מיר
מיט אַטלעס פינגער צו,
זינגט מיר אויפ׳ן אויער שטיל,
וויגט מיך איין ליו־ליו.

טראָגט אויף ווייכע ארעמס מיך
אין אַ ווייטער לאַנד;
דאָרטען לויפט אַ וואַסערל,
ברעגעס געלער זאַמד.

אַ בת־מלכה זיצט ביים ברעג,
קוקט ז׳דער ווייט אַריין,
„מיידעל אין אַ ווייטער לאַנד,
וועסט היינט מיינע זיין“.

.15

מיין שטערען וועט ווערען פערלאָשען.
און איך וועל פון זינען אַראָב,
און וואַנדלען צומישט אין די גאַסען,
ווי פייער וועט ברענען מיין קאָפּ.

און נאָכלויפען וועלען מיר קינדער,
ס'וועט טהאָן ווער א ציפּ ווער אַ שלעפּ
און אַלטע, ערפאַהרענע אידען
מיר נאָכשאָקלען וועלען די קעפּ.

נאָר ווען ס'וועט אַ מיידעל, אַ יונגע
מיינע בלאָנדזשענדע אויגען דערזעהן,
דערשרעקען וועט זי זיך און טראכטען:
„וואָס ס'קען פון א ליעבע געשעהן...“

.16

אַ שמוציגע פוס, ווי אַ שרץ בעריהרט האָט
מיין חתונה־קלייד,
אַזוי ווי אַ וואונד טהוט דער פלעק צו מיר רופען,
פערשטערט איז מיין פרייד.

אינ׳ם זילבערנעם בעכער געטהאָן האָט אַ פרעמדער.
גלייכגילטיג אַ שפּיי,
פעראומרייניגט איז איצט דער כוס פון דער חופה,
מיין גליק איז פארביי.

מיין טויב־פרומע כלה האָט עמיץ בעליידיגט,
בעליידיגט אָהן רעכט,
גאָט־לעסטערער זענען אין היכל געקומען,
מיין סוד איז פערשוועכט.

.17

היינט צו נאַכט איז אַ מיידעל געווען
און גענעכטיגט אין קאַמער ביי מיר,
איך האָב שטאָק־בלינד די פענסטער פערשטעלט,
און דריי מאָל פערשלאָסען די טיהר.

בלאָה געווען איז דער חדר'ל מיינס,
ס'האָט די שכינה גערוהט אויף די ווענד,
כ'האָב אַ תפלה געשטימט אין דער שטיל,
קוים דער פייער אין לאָמפּ האָט געברענט.

כ'האָב אַ תפלה געשטימט אין דער שטיל,
הייליג איז דאַן געוועזען מיין בעט,
כ'האָב פאר פינגער צאַרט־ווייסע געקניעט,
נאָר די נאַכט איז אַוועק אין געבעט.

.18

צולעצט האָט זי געפונען זיך. זי איז
ביי מיר געווען. איך האָב איהר האַנד געדריקט,
איהר קליינע ווייסע האַנד, זי איז די זעלביגע,
מיין אַלטער פריינד, דער עדות פון מיין קינדהייט
די זעלבע הייטערקייט. דעם קינדיש־פרייען אויסדרוק,
די זאַנפטע ווייבליכקייט האָט ניט פארטריבען נאָך
פון איהר געזיכט. נאָך גלאַנצען איהרע אויגלאך.
קיין שפורען פון אַן איינציג טרעהר אויף זיי
ניט צו דערקענען איז, און העל דאָס קול׳כיל קלינגט
אָהן וועהמוטה. זיי געגריסט מיין לוסטיג פויגעל מיר,
פיללייכט וועסטו מיט דיינע פינגער ווייכע
אַן איינציג קנייטש פון שטערען מיר אָבגלעטען.

# דריטע אַבטהיילונג

.1

## מיין ווייטע היים

האָט זיך מיר געחלום'ט
רעגען, קעלט און ווינד,
און דער וועגיל טראָגט זיך
קעגען שטורם־ווינד.

קומט פערביי אַ שטיבעל,
פון אַ פענסטער בליצט
העל אַרוים אַ לעמפּיל,
און אַ מיידעל זיצט

ביי אַ קליינעם טישעל;
אָבגעצעהרט און בלאַס,
בעקלאָך איינגעפאלען,
אויגען — גרוים און נאַס.

ווילט זיך מיר אָבשטעלען
אַנקלאַפּען אין טיהר,
פרעגען איהר: וואָס מאַכט זי?
צו דערקענט זי מיר?

טראָגט מיך ווייט און ווייטער
ן'וויסטען פעלד אַליין,
שטיבעל, לאָמפּ און מיידעל
בלייבען הינטען שטעהן.

.2

איך וועל קומען אין מיין שטעדטיל,
ווען ס'וועט בליהען אומעטום,
ווען די סעדער וועלען רוישען,
גרינען וועלען בערג אַרום.

ווי אַ חופּה איבער'ן שטעדטיל
הענגען וועט אַ הימעל ריין,
פריי און לוסטיג אַרוים קוקען
פון דער ערד וועט יעדער שטיין.

כ'קען אין דיינע שמאָלע געסלאך
יעדע אויסגעקרימטע וואַנד,
אויף דיין מאַרק — מיר יעדער טישעל,
יעדער קאָשיקעל בעקאַנט.

איך וועל קומען צו דיר, שטעדטיל,
מיט דיין ליעבען זומער־שעהן,
גריסען טריי דיין יעדע בלימעל,
קושען היים דיין יעדען שטיין.

.8

א מילדער זומער־ווינטעל טהוט
די פאַרהאַנגלעך באַוועגען,
פון גאַס הילכט אָב אַ הוק, אַ סטוק,
עס ציהען פערד און וועגען.

מיר דאַכט — מען קומט אין שטאָדט צום מאַרק,
איך הער „שטאָ־מייעש“ שרייען,
און אידען לויפען אום פערטאַהן,
און קריגען זיך און שמייען.

איך הער ווי ווייבער שווערען זיך,
און יונגע העהנער קרעהען,
און קעלבער מיט פערוואָרפ׳נע קעפּ
דורך וועגען־פלעקלעך „בלייען“.

עס הירזשען פערד. דער סאָטסקע פלוכט,
די זונטאַגס־גלעקער קלינגען,
און אויף די קלויסטערס ברייטע טרעפּ
קליבאַנער בעטלער זינגען.

ניט איין בעוויבטער איד האָט היינט
ביים דאַוונען צוגעאיילט זיך,
און ניט איין אידיש עופה׳לע
האָט פון פריה אָן צובייליט זיך.

די הייזער לעער, די שוהלען פוסט,
די גאַס האָט די הכנסה,
דער גאַנצער מאַרק — איין שענק; עס שמעקט
מיט בראַנפען און פרנסה.

.4

בין איך מיר אַ בחור'ל,
אַ בחור'ל אַ לייט,
טאַטע, מאַמען פּוקעניש,
שטעכענים אין זייט.

כ'שלאָג די קליינע ברידערלאך,
שלאָג פאר יעדע האאר,
און דער בת־יחידה'לע
רייס איך פאר די האאר.

עסען עם איך ווען איך וויל,
געה אַליין צום טאָפּ,
פון געפּרעגעלם, איינגעמאַכטס
זאָג איך זיך ניט אָפּ.

ווי עם פאַלט די נאַכט נאָר צו,
טראַכט איך שוין ניט לאַנג,
לאָז זיך איבער'ן שטעדטעלע,
אויף אַ גוטען „פאַנג“.

חן'עוודיגע מיידעלאך
מיט געווירצטע צעפּ,
היט זיך, היט, פערדרעהען אייך
וועל איך שוין די קעפּ.

טרעף איך איינע אויף דער גאַס
פרעג איך ניט: מען טאָר?
קנייפּ איך איהר און קוש איך איהר,
וויפיעל ס'גלוסט זיך נאָר.

כ'קלאַפּ אין פרעמדע לאָדען נאָך,
ז'יעדען לייטיש הויז:
„שטעהט ר' שלום אויף צו חצות,
מ'וואַרט אויף אייך אין קלויז".

אויפ'ן וועג דעם נגיד'ס סאָד
מאַך איך אַ וויזיט,
„נעהם אַרום" אַ קאַרשען צווייג,
בין איך גאָר שוין קוויט.

אַז איך קום אַהיים מיט טאָג
בריאַזגע איך אין טיהר,
געהט דער טאַטע עפענען,
רעדט קיין וואָרט ניט מיר.

נור ווען ער אין בעט זיך לייגט,
ז'בעטיל הינטער'ן וואַנד,
הער איך ווי ער שילט זיך שטיל,
אַרט'ס מיך ווי די וואַנד.

.5

## דער ערשטער שנעע

ווייסע, לייכטע שניי־בוקעטען
ווארפט פון אויבען מיר דער הימעל,
ווי אמאל פלעגט מיר דער מלאך
וואַרפען זילבער געלד פון באַלקען.

פאַלען לאַנגזאַם אויפ׳ן קאָפּ מיר,
לייגען זיך אויף האַלז און נאַקען,
שטיל און צערטליך, ווי די קושען
פון אַ גוטער, טרייער שוועסטער.

ליעבער אָוועגד, שטילער אָוועגד,
שטילער ווינטער זיי געגריסט,
דו דערמאָהנסט מיר היינט מיין קינדהייט,
וויעדער פיהל איך זיך דערפרישט.

* *
*

איך בין נאָך אַ חומש־אינגעל,
געה ביי־נאַכט אַהיים פון חדר,
אין דער האַנד אַ רויט לאַמטערנע,
אויף׳ן באַק דעם רבינ׳ס פינגער. . .

געהען מיר אַרויס פון חדר
דורכ׳ן קליינעם פינסטערן פירהויז,
שטופען מיר זיך אין דער פינסטער,
איינס דעם צווייטען גיעט סטיסאקעס.

פלוצלונג זעה — אַ טאָג אַ נייער,
— עמיץ האָט די טיהר געעפענט,
וואָס איז דאָס פאר ווייסע גאַסען?
ווייסע דעכער? מענשען ווייסע?

ס'געהט אַ שניי, אָ, פרעהליך קינדער,
עס וועט זיין אַ סוף דער בלאָטע,
גיכער לויפט אַהיים, און שלאָפען —
מאָרגען וועט אַ שליט־וועג ווערען.

מאָרגען וועלען גלעקלאך קלינגען,
בייטשען קנאַלען, האָרנס שאַלען,
דורכ'ן שטעדטיל וועט דער פריץ
אויף אָחאָטע מאָרגען פאָהרען.

מאָרגען וועלען מיר זיך קייקלען
אינ'ם שניי און מענשלאך מאַכען,
און פון חדר געהענד וואַרפען
זיך מיט „קוילען", שטיפען, לאַכען.

און אַ ליכטיגע לאַמטערנע
אין אַ הורבע שניי איינגראָבען,
מיידלאך וועלען געהן — זיך שרעקען,
ל'מיינען: וועלף אין שטאָדט געקומען.

*   *
*

ווייסע, צאַרטע קאַרשען־בליהונג,
שיטען זיך פון גרויען הימעל,
גלעטען, קושען מיר דאָס פנים,
ווי אַ גוטע, ליעבע שוועסטער.

גוטער אָווענד, שטילער אָווענד,
דו דערמאָהנסט מיר קינדער יאָהרען,
זיי געגריסט מיר, טויזענד דאַנקען
שיקט דיר איצט אַ מיעדער וואַנדרער.

.6

שיקט ער מיר אַ בריעף אריין
שרייבט מיר: קומט צוגעהן;
בין איך אָבער שעמעוודיג,
קום איך ניט צוגעהן.

שרייבט ער מיר אַ צווייטען בריעף:
— ר׳האָט אויף מיר פארדראָס...
בין איך דאָך אַ יונגעס קינד,
ווייס איך ניט פאַר וואָס.

אויף דער דריטער נאַכט אין גאַס
געגענט ער מיך אָן;
רעדט צו מיר, ער האָט מיך ליעב,
וויל אַ קוש מיר טהאָן.

שרעק איך זיך און פאַל אַוועק
ן׳חלשות אויף זיין ברוסט.
נעהמט ער זאַכט מיין קאָפּ אריין
אין זיינע הענד און קושט.

.7

לייג איך מיר אין בעט אריין,
לעש מיר אוים דעם פייער,
ן'וואַרט — באַלד קומען וועט צו מיר
דער וואָס איז מיר טייער.

באַהנען קומען צוויי ביים טאָג,
איינער קומט אין אָבענד,
ט'פאָהרט אַ גלעקעלע גלין־גלאָן,
אָט איז ער שוין נאָהענט.

עמיץ זוכט די טיהר און טאַפּט,
רופט מיך ביי דעם נאָמען,
כ'שפּרינג אַ באָרפיסע פון בעט,
„ער“ איז דאָס געקומען....

שטונדען האָט די נאַכט גאָר פיעל,
איינם דער צווייטער טריבער,
איינע איז אַ פרייע נור,
ווען עס קומט מיין ליעבער.

.8

הימלען טיעף בלאָהע מיט גאָלדענע שריפט,
וואסערן שווארצע אין בוימער פערטיעפט.

נעכט פון׳ם זומער פול תאוה און לוסט,
רויט די לבנה און גליהענד די ברוסט.

פאָהרט אויפ׳ן טייכעל אַ שיפעלע אום,
זיצען צוויי מענשען דאָרט נאָהענט און שטום.

לויפט פאר׳ן שיפעל אַ זילבערנער שוים,
רוהט זיך דאָס שיפעל אָב הינטער אַ בוים.

פלעכטען צוויי שאטענס זיך ענגער צונויף,
כאַפּט זיך אַ שלאָפּעדיג פויגעלע אויף.

עפּעס אַ סוד האַלט פערבאָרגען די נאַכט,
אַזוי ווי אַ שומר דער בוים שטעהט און וואכט.

.9

## דער מיידעלס קלאג

כ׳האָב אַ בריוועלע געשיקט,
צו מיין נחת, צו מיין גליק,
אין דעם בריוועל שרייב איך איהם:
אַז גאָר הערצליך ליעב איך איהם.

„ליעבער, ליעבסטער קום צו־געהן,
כ׳האָב אַ קאַמעריל אַליין,
און פון דרויסען איז די טיהר,
ליעבער, ליעבסטער, קום צו מיר“.

„קום ביי טאָג, צו קום ביי־נאַכט,
שטענדיג בין איך אויפגעוואַכט,
בלויז אַ איינציג קלאַפּ אין טיהר,
זיין וועל איך שוין נעבען דיר“.

„כ׳האָב אַ מיטאג צוגעגרייט,
פּוטער, קעז און וויסען ברויט,
און די אַלטע, שווארצע בעט,
מיט אַ קאַפּע שעהן פארבעט“.

כ׳זיץ דעם גאַנצען טאָג און הער:
— געהט ניט עמיץ? קלאַפּט ניט ווער?
אָט־אָ שלאָגט די צוועלפטע שעה
און מיין ליעבסטער איז ניטאָ!

.10

## אַ ווינטער וועג

ניט קיין באַרג, ניט קיין צאַם,
פריי און אָפען די וועלט,
ניט קיין טייך, ניט קיין גרוב,
גער וואוהין דיר געפעהלט.

ס'אַראַ ווייט, ס'אַראַ ברייט
פאַר דעם מענשליכען בליק,
ס'האָט דער פראָסט אויסגעבויט
איבער נאַכט אַזאַ בריק.

ווייסע פעלד, ברייטע פעלד,
און אַ וועגעלע שמאָל,
ווי אַ גלאַנציגער שווערד,
טהיילט אויף צווייען דעם טהאָל.

און אַ פינטעלע קומט,
ווי אַ פליעג קליין און שוואַרץ,
טאַנצט און שפרינגט אין גאַלאָפּ
אויף דער ערד'ס ווייסער האַרץ...

און אַ גלעקעלע קלינגט,
פרעהליך־העל איז זיין טאָן,

ס'קנאַלט ביים קוטשער די בייטש,
ס'טראָגט דער פערד ווי ער קאָן.

ס'פאָהרט אַ סוחר פון שטאָדט,
וואָס איהם שנעע, וואָס איהם קעלט,
טראָגט אַ וואַרעמען פעלץ,
פיהרט אַ בוזים מיט געלד.

פיהרט אַ בוזים מיט געלד
פאַר דעם גראַף בערעסטאַן,
קויפען וועט ער זיין וואַלד,
ביימער שטעלען צום באַהן.

הילכען וועט באַלד אין וואַלד
פון די קלעפּ פון די העק,
בירקע, סאָסנע און יעל,
פאַלען וועלען פאַר שרעק.

.11

האַקט קיין מערה מיר
אין אַ האַרטען פעלז,
זינקט מיין ארון ניט
אין ׳ם טיעפען ים.

אויף אַ גרינער פעלד,
ביי אַ שמאָלען וועג,
גראָבט אַ קבר אויס,
לעגט מיך דאָרט אַוועק.

וועט אַ בערגעלע
דאָרט זיך אויפהויבען,
וועט אַ קוויטעלע
דאָרטען אויסשפּראָצען.

וועט אַ מיידעל געהן,
און איהר אויסרייסען,
וועט מיין טוידטע האַרץ
דעמאָלט טרייסטען זיך.

.12

## דער וועכטער

גרוי און פייכט. אַ קאַלטער רעגען
זיפּט זיך דין ווי דורך אַ טוך.
וויסט דער מאַרק. אַליין דער וועכטער
ציעהט די ציילען קראָמען דורך.

דורכגענעצט. די באָרד אין פענזלען,
ס׳קלאַפּט זיין האַמער דומפּף און מיעד.
און ער טראַכט: צו וועלכע קלאָגען
שטעה איך דאָ און פריהר און היט.

וועלכער טייוועל וועט זיך לאָזען
אין אַ נאַכט אַזאַ אין קאָן,
ווייקען זיך ביי נאַסע טיהרען,
ווען ער לייטיש שלאָפען קאָן.

איך האָב אויך אַן אייגען ווינקעל,
און אַ ווייבעל יונג און הייס,
און זי וועט זיך צו מיר טוליען,
וואָר׳מען ביז׳ן מאָרגען גרויס.

.13

## פון פענסטער

זי שטעהט אויף זייגער ניין
פון בעט, אָהן קלייד, אָהן זאָקען,
אַ שלאַנקער קערפּער׳ל געמישט פון בראָנז און מאַרמאָר,
און ס׳הוידען זיך ביים האַלז צוויי שוואַרצע, יונגע לאָקען.

זי שטעהט אויף זייגער ניין,
און שפּיעלט זיך מיט דער מוטער,
זי זעצט זיך אויף איהר שויס, און פּאַטשט איהר אויף די באַקען,
און מיט דער קליינער האַנד בעפעהלט זי „ברויט מיט פּוטער“.

זי שטעהט אויף זייגער ניין,
די מיידעלע אַנטקעגען,
און לויפט פערשייט ארום, און טאַנצט אַנקעגען שפּיעגעל,
ווי זונען שטראַהלען צוויי, די פיסלעך זיך בעוועגען.

.14

דריי פענסטער — עס שטעהען דריי ווייבער
און קאָכען אַ שבת געריכט,
דריי רויכענדע אייזוענס — דער שוויס ריננט
פון יעטוויעדער הויז־פרוי׳ס געזיכט.

דאָך וואַרט, אויף דער נאַכט — ווען די פּיערטע,
די מלכה וועט קומען צו זיי;
אַ פּאַלאַץ וועט זיין יעדע קאָך־שטוב,
אַ הויף־דאַמע יעטווידע פרוי.

.15

## פרייטאג פארנאכט

איך זיץ אויפ'ן פריזבע אין דרויסען.
פון ווייטען אַ בערגעל זיך הויכט,
אַ שטיבעל שטעהט קרום אויפ'ן בערגעל,
אין פענסטער אַ מיידעל זיך בלייכט.

אין שטוב זינגט דער טאַטע לכה־דודי,
אַן אומעט פערקוועטשט מיר דאָס האַרץ
די זון איז אין מערב פערגאַנגען.
דער בערגעל ווערט ווייטלאך און שוואַרץ.

די זון איז פערגאַנגען. אין פענסטער
אַ בענש־ליכטעל חן'עוודיג ברענט.
די בלייכליכע מיידעל דעם פנים
בעהאַלטען האָט פרום אין די הענד.

די עלטערע שוועסטער זאָגט: „שלמה'קע,
דיר גערט דאָך שוין דרייצעהנטער יאָהר.
גערה נעהם זשע אַ סידור און דאַווען,
נור היפ ניט, פערפעהל ניט קיין האָר.

די זון איז אין מערב פערגאַנגען;
דער הימעל, די ערד זיינען שוואַרץ;
ז|אַ פענסטער נור בלייכט זיך אַ מיידעל;
אַן אומעט פערקוועטשט מיר דאָס האַרץ.

.16

עס געהט אַ שניי. מלאָכים שטעהען
אויף הויכע, גראָהע וואָלקענס דעכער
מיט ברייטע רידלען אין די הענד,
און שפּרייטען גביריש גאָט'ס מתנות
אויף מאַרק און גאַסען, דעכער, ווענד.

און ס'פאַלען שנעעלאך, ווי בלומען,
אויף יונגע, שוואַרצע מיידלאך'ס קעפּ.
און אויף די פּורפּור בעקלאך פאַלען.
און ס'לאַכען לוסטיג העל די מיידלאך
ווי זוממער מאָרגענס, זונען שטראַהלען.

און אינגלאַך מיט צופרוירנע פינגער
זיך קוילען מאַכען פון די בלומע
און ציעלען ערגעץ אין אַ וועט....
און טרעפען אין אַן אַלטען אידען,
וואָס געהט אַהיים פון שול'כל שפּעט.

# פיערטע אפּטהיילונג

.1

## די א ג א ס

דו קענסט די גאַס ? די בייזע גאַס ?
דאָרט קראַכען באַמבעס, ביקסען קנאַלען,
דאָרט שניידט דער טוידט מיט טויזענד סערפּעס,
און ווי די זאַנגען — מענשען פאַלען.

דאָרט הילכט דער קרעכץ ווי שווידער־גלעקער,
ווי שוואַרצע פויגלאַך קללות פליהען,
שוין אוים מיט חופּות און כלי־זמרים,
בלויז שטומע טוידטען־וועגען ציהען.

און אויב, מיין פריינד, אין האַרצען דיינעם,
נאָך לעבענס־דורשטיגע ליכטער ברענען,
אָ, לויף פון דאָרט, קיין מענשען גוטע
זאָל'ן איהר דער בייזער גאַס ניט קענען.

.2

אין דעם־שכן׳ם לאַנד, — דערצעהלט מען,
טאָגט שוין אויף דאָס ניי,
פויגעלעך זענען אויפגעשטאַנען,
זינגען, שאַלען פריי.

פרעמדע לענדער, פרעמדע גליקען,
פרעה זיך ניט מיין האַרץ,
אונז׳רע פויגלען שטומען אַלע,
אונזער נאַכט איז שוואַרץ.

שלאָף מיין האַרץ, אין אונזער וועלטיל
איז נאָך חושך, שטום,
ניט קיין זונען שטראַהלען — שאָטענס
בלאָנדזשען דאָ אַרום.

.8

אַ שלעכטער יאָהר. ס'האָט ניט געראָטען,
געבליבען איז די לאַנד אָהן ברויט,
עס האָט געקאַרגט דער הימעל רעגען,
און מענש און פיה ליידט הונגער־נויטה.

געפלאַקערט האָט די זונן, געבראָטען,
און אויסגעברענט אין זאַנג דעם קאָרן,
און וואָס די זונן האָט דורכגעלאָזען,
פערטראָגען האָט אַ ווינד מיט צאָרן.

די פעלדער ווייסט ווי נאָך אַ היישרעק,
דער טאָק איז הויל, דער שייער לעער,
עס זיצען אומעטיג די דרעשער,
און קיין געזאַנג זיך הערט נישט מעהר.

אַ שלעכטער יאָהר. ס'האָט ניט געראָטען,
געבליבען איז די לאַנד אָהן ברויט,
דאָך איינער איז געבענשט מיט שפע,
דאָך איינעם געהט — דאָס איז דעם טויט.

עס שניידט זיין ברויט ביי אַלע וועגען,
ער שניידט און בינדט סיי טאָג סיי נאַכט
ער האָט די קאַרעס אָנגעלאָדען,
און אַלע שפייכלערס פול געמאַכט.

.4

## דיא געשיכטע

קאַזעמאַטען, עשאַפאָטען,
ריכטער, הענקער, שטריק און העק,
שווערעם האָרכלען און קאָנוואולסיען,
קברים, קברים אָהן א ברעג.

אָט האָט איהר זי, די געשיכטע,
עפענט אויף דעם שוואַרצען בוך,
צוואַנג, ענוים, ארבע־מיתות
ציהען זיינע בלעטער דורך.

ס׳פלעגען הונגער־יאָהרען טרעפען,
ברויט האָט אויסגעפעלט דער וועלט,
הערשער, בלוטיגע משפטים,
דאָס האָט קיינמאָל ניט געפעהלט.

גאָר אָהן זהנען־שיין און רעגען
האָבען זיי זיך ווייט צושפרייט
און געמעהרט זיך און געראָטען
וואו מען האָט זיי ניט געזייט.

.5

זוואָס דער טאָג פערמאָגט דער קלאָהרער,
זיינע בלומען, זיינע זאַנגען,
אַלץ בעוויזט ער, אַלץ צושענקט ער.
פיעל עס קען דאָס אויג דערגרייכען,
פיעל עס קען דאָס האַרץ פערלאַנגען.

דאָך איך זאָג אייך, גרעסער, רייכער,
איז די נאַכט מיט איהרע סודות,
נאָר איהר, גאָט'ס־געשטראָפטע מענשען
טאַפּט און זוכט און פאַלט פערמאַטערט,
אייער אייג' נער שוואַכקייט'ס עדות.

.6

## פון דער זייט

איך האָב געזעהן: מען האָט געשטעלט
אַ תליה פאַר אַ יונגען העלד, —
מיין פענסטער איז אַרויס צום הויף
אוואו מען היינגט פערברעכער אויף. —

איך האָב מיין לעמפעל אויסגעדרייט,
אַ שוואַרצען בגד אויסגעשפּרייט,
איבער׳ן פענסטער און געמאַכט
אין העלען צימער חשך־נאַכט.

און דורך אַ קליינעם, שמאָלען שפּאַלט,
גלייך ווי אַ פרעמדער שטום און קאַלט,
דעם אָטעם טיעף אין זיך פערשטיקט,
מיט נייגעריגקייט צוגעבליקט:

צוויי מענשען האָבען זיך געדרייט,
און עפּעס אויפ׳ן הויף געבויט,
מיט האַמער, טשוועקעס, זעג און האַק,
מיט שטריק און לייטער האַק און פּאַק.

געצויגען האָט זיך לאַנג די נאַכט,
איך האָב מיין אויג ניט צוגעמאַכט,

קיין טריט פון פענסטער ניט אוועק,
איך האָב געקוקט אָהן האַס, אָהן שרעק.

אין קוימען האָט געפייפט דער ווינד,
געבולען האָבען ערגעץ הינד,
געהירזשעט אין אַ שטאַל אַ פערד —
דאָס האָט די אַרבייט ניט געשטערט.

און אַט צוויי סלופּעס שטעהען גרייט,
אויף זיי ליעגט איינער אין דער ברייט,
אין איהם שטעקט פּעסט אַ שוואַרצער קרוק,
און ס'בלייכט זיך אין דער נאַכט אַ שטריק.

און שטיל האָט מען אַ מענש געבראַכט,
צופיהרען אין דער האַלבער נאַכט,
פערוואָרפען אויף זיין קאָפּ אַ העמד —
אַ פריינד? אַ ברודער? ס'איז מיר פרעמד.

און פעסט און זיכער, שטומערהייט
ארום זיין האַלז די שטריק פערדרעהט —
דערנאָך האָט עפּעס ווייסעס שווער
זיך אומגעוויעגט אי הין אי הער...

איך האָב געזעהן אַלץ דורך אַ שפּאַלט,
און בין געבליבען שטום און קאַלט.
— — — — — — — — — — — —
אין קוימען האָט געפייפט דער ווינד,
געבולען האָבען ערגעץ הינד.

.7

## דאָרף און שטאָדט

„איך שפּייז דיך, שטאָדט, מיט ברויט און פּוטער,
מיט אָקסען, היהנער צו גענוג,
איך שיק דיר לאַנגע קאַראַוואַנען,
מיט יעדער שעה אַ נייעם צוג.

דיין ערד איז שטיין, און בלייַ דיין הימעל,
און קוימענס טאַרטשען אומעטום,
אויף דיינע בוימער הייגגט קיין עפּעל,
און דיינע וועלדער זענען שטום.

נאָר איך גיעב דיר אי ווייַן אי פּרוכטען,
פון מיינע טייכען ציהסטו פיש,
איך שיק דיר טוזענד זיסע זינגער,
און ציער דיין הויז מיט בלומען פריש.

אויף מיינע לאָנקעס, מיינע בערגלאך
געפינט דיין קינד אי רוה אי גליק,
איך שענק איהם פולע, רויטע באַקען —
דאָך דו, שטאָדט, זאָג, וואָס גיעבסט צוריק?

עס ענטפערט אָב די שטאָדט מיט שטורעם,
דורך פולווער, רויך און גלעקער־קלאַנג:
„איך צאָהל מיט ריכטער און משפּטים,
מיט ענגע תפיסות — קייטען־צוואַנג“.

.8

וואָס געהט מיר אָן אייער מלחמה,
וואָס קומט מיר פון אייער נצחון,
און ווערט איהר די זיעגער—פערגעסט איהר
וואָס געכטען נאָך האָט איהר פערשפּראָכען.

און ווער ס'זאָל ניט טרייבען דעם וואָגען,
אריבער געהן וועט דאָך מיך יעדער,
און ליעגען וועל איך אַלץ פון אונטען,
און בלוטען פון צווישען די רעדער.



# שוין ערשיענען:

פון רבי יהודה הלוי:
1. ים-ליעדער
2. אין מצרים — י. י. שווארץ — פרייז 10

גיפט און גאַל
א זאמלונג פעליעטאָנען — א. וואָהלינער. — פרייז 15

צוויי ערצעהלונגען:
1. אין געבורטסשטעטעל
2. אין גרויען ליכט — מ. י. חאַאימאָוויטש. — פרייז 15 סענט.

אויפ'ן זאמדיגען וועג:
געקליבענע ליעדער — י. ראלניק. — פרייז 20 סענט.

## פערפערטיגט זיך צום דרוק:

קריטישע סטודיען:
אפהאנדלונגען איבער גרויסע דיכטער פון דער אידישער און אלגעמיינער ליטעראטור — י. סלאָנים.

בירוניקא:
היסטאָרישער ראָמאַן — פ. שוהמאכער.

GRAYZEL & COMPANY,
ffolk Street, New York.